# מעת־לעת׳ן

לידער

פון

ה. מ. קודלאָוויטש

פאַרלאַג צעשינסקי
שיקאַגע, —————— 1938

# אינהאַלט

## 1



## 2

# I

## אַ חורבה

א חורבה שטייט ביי מיין פענצטער.
דער הימל קוקט אַזוי ברייט אריין.
פאַרשוואַרצטע ווענט שטייען אין טרויער,
דורך לעכער קומען מעת־לעתן צוגיין.

זיצן זיי אין חורבה, ווי אבלים,
מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ צום דיל.
ערגעץ וואו ליגן צעבראָכענע כלים,
וואָס וויינען פאַר זיך אינדערשטיל.

פאַרבלאָנדזשעט אַ פויגל ווען אַהער,
און שטעלט זיך אויף אָט אַזאַ וואַנט, —
צעעפנט זיך ברייט זיין שנאָבל ווי אַ שער,
און אַנטלויפט פאַר שרעק און פאַר שאַנד...

א חורבה שטייט ביי מיין פענצטער.
דער הימל קוקט אַזוי ברייט אַריין.
פאַרשוואַרצטע ווענט שטייען אין טרויער,
דורך לעכער קומען מעת־לעתן צוגיין.

# ביים טאָגס לעצטן טראָט

ס'האָט אַ רויק זיך געבויגן צו דר'ערד
ביים טאָגס לעצטן טראָט —
דער ווינט דאָט ס'לעצטע בלעטל פונעם בוים צעשטערט.

שטייט דער בוים מיט אויסגעשפרייטע דאַרע הענט,
וויינט אויף זיין נאַקעטקייט,
און שטייט פאַר די לעצטע שטראַלן — פאַרשעמט.

האָבן זיך הייזער אָנגעטאָן מיט זונען־ליכט,
און מיט רויטער האַרטקייט —
קוקן חוצפּהדיק אין דעם הימלס געזיכט.

געבויגן גייט אַן אַלטע פרוי אויפן טראָטואַר,
בענקט נאָך דער היים, —
און טראָגט צו דער נאַכט — איר אייגן צער.

און מיין צימער ווערט פול מיטן לעצטן טרויער
פונעם לעצטן שטראַלן שיין —
אימיץ האָט זיי געזאָגט אַ סוד אין אויער.

# אַ שומר אויפן טורם

פֿאַרהוילן איז דער שלאָף.
די אויגן לויכטן.
ניטאָ קיין מידקייט.
(אַראָפּגעשלייכט פון בעט,
דורכן פענצטער
געקוקט,
געזען :)
טונקעלער, גרויער, ווערט די נאַכט,
ווי אַלץ וואָלט אויסגעשטאָרבן, —
נאָר איינער — ער וואַכט,
א שומר אויפן טורם.
ער דרעמלט ניט.
ער שלאָפט ניט.

עס שווינט די נאַכט.
דער הימל איז בלוי.
דער מאָרגנשטערן לייכט,
ווי ער וואָלט צו אימיצן
ווינקען —
זעט ? . . .

# אַ טראָפּן באַקומען

נאַכט. אַרום איז שטיל,
עפּעס זשומט אין אויער —
קלאַנגען פון אַן אַנדער וועלט
פליסן אין מיין זעל אריין.

צעפּראַלט איז מיין אורקוואַל,
וואָס פליסט פון אייביק אָן
פון דער נאַכטיקער שטילקייט
אין פינצטערניש אריין,

און גיסט זיך, ווי וויין
איבער וועלט אַריבער, —
טראָפּנס פאַלן, ווי קרעלן
פון הימלען אַרונטער.

איטלאַכער טראָפּן איז א סוד
פון גאָר אַלטע, אַלטע צייטן.
פון טיפעניש פון דער נאַכט
האָב איך אַ טראָפּן באַקומען.

# אַזוי טויזנטער יאָר

מיר דוכט
כ׳לעב שוין אַזוי טויזנטער יאָר,
ווי אין חלום און ניט אויף וואָר.

כ׳בין געוועזן
ביים באַרג סיני מיטן גאַנצן פאָלק,
געלעבט א מדבר לעבן אָן אַ טאָלק,
געמאַכט דעם עגל פון ווייבריש גאָלד
און פאַרשטיינערט עכנען דעם יאָלד.

דעם כנעני,
דעם פלישתי פאַרטריבן פונעם לאַנד,
געדינט דעם בעל, געקושט זיין האַנט.
צעבראָכן געצן פאַר יהוה אונזער גאָט,
אויסגעפירט עלישעס און יהואס געבאָט.

געזעסן
ביי די טייכן פון בבל, געזונגען, געבענקט
נאָכן לאַנד, וואָס יהוה האָט אונז געשענקט, —
מיט די גולים געגאַן מיט פרייד און אין וויי,
געקומען צוריק און געבויט פון דאָס ניי.

געקעמפט
קעגן העלעניזם און אנטיוכוס דעספאָט,
געוואָרן מאַרטירער פאַר אמונה און גאָט.
באַטייליקט אין חשמונאים ברידער־קאַמף,
אריינגעפאַלן איז לאַנד אין רוימקראמף...

מיר דוכט,
כ׳לעב שוין אזוי טויזנטער יאָר,
ווי אין חלום און ניט אויף וואָר.

# ביים ספר

ס'שלאָפט ניט
רב יעקב אַלטער
אין די נעכט
פון טויזנט-ניין-הונדערט-פערצן
און טויזנט-ניין-הונדערט-פופצן.
אין די נעכט —
זיצט ער געבויגן ביים ספר,
לערנט און זאָגט,
זיפצט און קרעכצט אונטער,
ברומט מיט א ניגון, וואָס קלאָגט,
ווי דער כנור ביי דודס פענצטער: —
„הן-עם לבדד ישכן ובגוים לא יתחשב" —
וויל ער ווייטער ציען דעם פסוק —
„מי מנה עפר יעקב" — — —
צי וואָס? —
טייטשט ער:
ווייסט דען ווער די אימה
פון דער איינזאַמער אומה,
וואָס רעכנט זיך נישט צווישן פעלקער?!
מישט ווייטער,
זוכט פסוקים
צווישן פרושים, —

אי, אי, אי,
אוי, אוי, אוי,
גיסט זיך דאָס מרה־שחורהדיק געזאַנג
צווישן די כוואַליעס שאָטנס אינעם הויז
און ארויס
וויט, ווייט אַרויף צו דעם שטערן גאַנג,
און אין דער פינצטערער נאַכט אריין.
ווידער דער געדאַנק
מלחמות, הרוגים, —
א וועלט טרינקט זיך אין בלוט!
— וואו איז דער ברעג?
אי, אי, אי,
אוי, אוי, אוי!
מסירות אידן ארויסגעטריבענע,
אַ שרעק!
פאַרשטעלט ער פונעם לעמפל דעם שיין.
די שעה זאָל נישט זיין,
מע קאָן נאָך זאָגן אַ מרגל?
די טריבע שוואַרצע אויגן אינעם ספר
דערזעען: „בנפל ישמעל אָז יצמח בן דוד".
ניט פילגדיק, צופט רב יעקב אַלטער
אויס אַ האָר פון דער גרויער באָרד,
מיט צערטלאַכקייט, לייגט ער זי אריין —
אינעם ספר.

# ירושלים

מעת־לעתן
הונדערט
האָט מאָרד, פייער, שרעק,
פאַרדעקט
פעלדער, דערפער, שטעט,
דיינע לויטערע הימלען —
ירושלים!

וואו איז דער נביא,
וואָס זיין וואָר־וואָרט
זאָל אונז זאָגן
און ניט קלאָגן,
ווי אַמאָל
אין סנחריבס צייט —
ישעיהו?

מעת־לעתן
הונדערט
האָט פיינט
באַלאַגערט
די טויערן,
די מויערן —
ירושלים!

וואו איז דער מלאך,
ס'האָט אין איין נאַכט
סנחריבס ארמיי
פאַרטריבן,
פאַריאָגט
פון דיינע ווענט —
ירושלים?...

# אָפּקלאַנגען...

עס הענגט א שבתדיקער, פּאַרנאַכטיקער אומעט
איבערן קליינעם פּוילישן שטעטעלע טשעמעלאָף.
די גלות־שכינה האָט זיך דאָ אָפּגעשטעלט, —
קינדער האָבן אויפגעהערט זייער שפּיל־געלאָף.

אהרון בעדער דאַוונט מנחה און ציט די ווערטער,
איינטאָניק זינגט ער דעם מנחהדיקן נוסח
פון „אתה אחד, ושמך אחד, ומי כעמך ישראל! — — —
אַן עדה אידן כאַפּן אונטער די ווערטער מיד און שוואַך.

מרה־שחורהדיקע שאָטנס באַזעצן זיך אין שול־הויף,
און מען גייט ביחידות א היים פּראַוועןשלש־סעודות;
עס בלייבן א מנין אידן אין ווינקל ארום א טיש,
מ׳עסט... מ׳זינגט די שלש־סעודותדיקע זמירות.

קינדער דערציילן זיך מעשות פון גהינום און גן־עדן,
„און פון הימל בליקט אריין דער מעריבדיקער שטערן, —
טובלט זיך אין דער בלויקייט פון דער שטומער נאַכט.
די צייט ציט זיך, אַן אייביקייט, ווייל אויס ניט ווערן...

# אין אוהל

אייביקע, שטומע נעכט,
שאָטנס — שוואַרצע פליגל.
דער צדיק אינעם אוהל רוט,
מיט קוויטלאך פיל אַן זיגל.

טרערן טריפן פון די נאַסע ווענט,
מענה־לשונס, תהילים זאָגערס פיל.
אידן טיילן צדקה און גיבן קוויטלאַך, —
דער רבי לייענט און שוויגט שטיל.

ווערן אותיות פון קוויטלאך אָפּגעריבן,
ווי די ליכט פון טריפן פאַרגאָסענע, —
שלאָפט דער הייליקער אין אוהל פרום,
מיט דערלייזונגס טרוימען פאַרשטיקטע,

אָנגעווייטיקטע, מענטשלאכע פאַרלאַנגען
פון דעם דאָזייניקן לעבן
ליגן טיף אין דעם אוהל באַהאַלטן —
מיט נאַכט אויף פענצטער פאַרהאַנגען . . .

אָ, אייביקער, נאַכטיקער שלייער,
מיט דיינע דיקע, ברייטע פליגל, —
באַהאַלט אין דיר, מיין קוויטל אויך
צווישן די אַלע קוויטלאַך אָן זיגל . . .

# אַן עליה

(לעגענדע)

די אַלטע אָסטראָווצער שול
איז אַלע נאַכט מיט מתים פול.
עס רוישן זייערע תפילות,
ווי בײנאַכט די שטאָטישע וואַסער־מיל.
אַזוי האָט דערציילט אַמאָל סרוליע —
דער וואַסער־טרעגער:
„איינמאָל מוצאי־שבת־נאַכט,
האָב איך שפּעטלאַך וואַסער
צו מיינע בעלי־ברתים געבראַכט.
בין איך פאַרבייגעגאַנגען פאַר דער אַלטער שול,
הער איך, ווי מען רופט מיך אויף:
— יעמוד רב ישראל בן אברהם שישי!
האָב איך גלייך די קאַנען מיטן וואַסער
געלאָזן שטיין, און אוועק צום רבין מיט געוויין.
דערציילט די זאַך, ווי עס איז געשען.
— רבי, רבי, וואָס זאָל איך טאָן? . . .

דער רבי זאָל לעבן, האָט א ווײלע געטראַכט,
און גלייך מיך געהייסן אויספירן די זאַך.
— נאַ דיר מיין טלית און מיין שטעקן.
— גיי, און זאָלסט זיך גאָרנישט שרעקן!
— מאַך די ברכות, ווי עס באַדאַרף צו זיין,
און קריק אויף הינטערווייל'אכטס ארויסגיין.

— אָנגעקלאַפּט דריי מאָל אין טיר פון שול,
און ארויפגעגאַנגען צו דער בימה,
געמאַכט די ברכות שטיל.
געהערט א בעל־קורא לייענען די פרשה, —
פינצטער איז געווען ארום,
נאָר מתים אין טליתים פיל״...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָך דער דאָזיקער מעשה־נורא,
זאָגט מען, האָט סרוליע גערהאַט א זון,
וואָס איז אויסגעוואַקסן א בן־תורה...

# פאַר כל נדרי

ערב יום־כפורדיקער פּחד זיצט אין גאַס און אין הייזער.
די מאַמע ביי ליכט־בענטשן וויינט און בענטשט די קינדער.

די געסלאַך ווערן ליידיק. די זון פאַרגייט אין פלאַמען, —
אין שאָטן און שטראַלן געהילט גייט אַ קינד מיט אַ מאַמען.

די אַלטע שול איינגעטונקט אין ליכט, ווי אַ ריזיקע מנורה,
און אין שולהויף נעמט יעדן איינעם דורך א הייליקע מורא.

די שול און בתי־מדרשים באַלקאָנען מיט ווייבער זיינען פול.
אונטן — געדרענג פון יונג און אַלט נעבן טירן פון שול.

טרעגער, קצבים פלעכטן פון הענט פון ביידע זייטן א קייט, —
ווי אַ ווינט צווישן זאַנגען — א זשומעריי — דער רבי גייט!

דער געוויין רעשט, ווי וואַסער אויף רעדער פון אַ מיל, —
אין פּאַליש חיים כלי־זמר, וויינט פאר זיך אליין שטיל.

קיטלען און טליתים געהילט, תפילת־זכה יעדער איינער זאָגט, —
אין אויגן פינקלען טרערן. איטלאכנס נשמה וויינט און קלאָגט.

אין באַלעמער אַ קלאַפּ, ששש! די וועלט ווערט שטיל,—מיטאַמאָל:—
אור זרוע לצדיק — זינגט צאַרט אויס א סאַמעטענער קול...

# שלמה מולכו

דער יונגער מאַראַן מולכו פון ליסאַבאָן
האָט אָפּט אין זיין היים ניט גערוט.
ניט געלאָזט רוען האָט אים דער געדאַנק,
סיני־פונקען האָבן זיך אין אים צוגליט.
ער האָט געזען הימלען אין פייער־פלאַמען.
דאָס פאַרברענען פון הונדערטער מאַראַנען, —
שטאָם־בלוט — האָט זיך אין אים צעברענט,
זיינע ברידער אין שייטערהויפן דערקענט!...

פאַרלאָזט זיין אַמט, זיין היים, די נאָנטע,
וואַנדערט, ווי א פרוש איבער לענדער אַרום,
מיט בעטלער ביי קירכן אין שמאַטעס געהילט —
זיין קול הילכט — דונערט קעגן קריסטנטום!

פון איקאָנא פליט ער אַגיטירן ס׳קריסטלאַכע רוים!
און בליצט אויף ווי לייכט־טורם, ווי בליץ, אַרום, —
עס פליען שוואַרצע קראָען נאָך אים — געשווינט...
שרעק זעט ער ניט, רעדט מיט התלהבות אומעטום.

ביי קאַרל דעם פינפטן זוכט ער שטיצע
העלפן אים אָפּנעמען די אידישע מלוכה.
פילט ניט סכנה, וואָס אויף אים לויערט,
תליון דראָט, בלענדט — מיט שווערד...

מיט שטאָלץ און געהויבענעם קאָפּ שטייט
מולכו פאַר שוואַרץ־אינקוויזיטאָר־געריכט,
און זעט: די ריכטער פאַרנעפּלט, רויט,
דורות, דעם איד פאַר נמרדס געריכט.

מיט אים האָט דאָרט א נס געטראָפן,
הענקער איז אויף אַ ווײַלע פאַרשלאָפן, —
ער ווייס פון אנוסים זאָלן ווערן אידן!
מען קאָן פייער מיט פייער ניט ברענען.

צוויי יאָר האָט מולכו מיט פיל מוט
געקעמפט, ניט גערוט ד״האָט זיין בלוט —
אויסגעגאַנגען, ווי רבי עקיבא אין פלאַמען
מיט „שמע ישראל״ אויף די ליפן צוזאַמען.

# צדקיהו

ער האָט געזען, ווי די בלאַנקע שווערדן
ד'האָבן געשאָכטן די זקנים און זיינע קינדער,
ווען דער כאַלדייאישער שטורם איז אָנגעקומען,
און געפאַלן זיינען זיי אַלע, ווי די רינדער.

מיט שטאַרע אויגן האָט צדקיהו געקוקט
אויפן בראָך פון זיין פאָלק און זיין הויז,
ווי וועלף האָבן זיינע שעפסעלאך פאַרצוקט,
אין פייער־פלאַמען איז געווען גאָטס הויז.

ער האָט נישט געפילט די ברענענדע שפיזן,
ווען די כאַלדייער האָבן זיינע אויגן געברענט! —
אַ גרעסערער ווייטיק איז אין זיין האַרצן געווען,
וואָס האָט די זון אין טעג פון אָב פאַרבלענדט.

מיט צוויי פינצטערע לעכער אונטערן שטערן
איז צדקיהו אין קייטן געשמידט קיין בבל געקומען, —
און דאָרטן אין די נאַסע, פינצטערע תפיסה־קעלערן
האָט ער די שיין פון א ניי ליכט פאַרנומען.

# טריט

ווי אין פרילינג באַקליידט זיך בוים גרין,
אַזוי האָט זיך מיין זעל באַקליידט מיט א פרייד —
פון ערגעץ א ווייט־ווייטן לאַנד.

זע, ווי דער שאָטן פאַרשווינט אין אייביקן ליכט!
דער צער פון דאָ־זיין אין רוימען פאַרגייט,
ווי דער לעצטער פייף פון א שיף — וואָס זינקט.

איך פיל אין זיך און אין אַלץ וואָס עס איז דאָ
דאָס ליכט, וואָס ס׳איז באַהאַלטן פון אונז —
פון ששת ימי בראשית אָן — קומט אָן.

משיח, ווי א פרינץ געקליידט אין רויטן אַטלעס,
קומט פון הויכן פעלז אויף זיין ווייס פערד אַראָפּ, —
איך הער טריט, וואָס הילכן אין חלל אָפּ...

# אַ נאַכט-זינגער

כ'האָב געזויגן פון דער נאַכט,
זי איינגעאָטעמט טיף אין מיר,
און געוואָרן א טייל פון איר.

און באַהעפט זיך מיט הימל און ערד, —
געוואָרן איז מיר לייכטער און גרינגער,
כ'בין געוואָרן אַ נאַכט־זינגער.

כ'בין אין דער שטילקייט געבליבן ליגן,
און פאַרשטאַנען דאָס גרילצן פון גרילן,
און דאָס פינקלען פון די פייער־פליגן.

כ'האָב געזויגן פון דער נאַכט,
זי איינגעאָטעמט טיף אין מיר,
און געוואָרן א טייל פון איר.

## II

# סאָקראַטעס

קוק, מיין קינד, דעם אמת אין די אויגן,
שרעק זיך ניט פאַר שאַרפן פייל פון בויגן.

טאָג, וואָס האָט פאַר דיר א ליגן אָנגעגרייט,
קינד מיינס, זע — דער טאָג פאַרגייט . . .

הער, א מעשהלע האָט זיך פאַרלאָפן אַמאָל,
א מענטש איז געקומען פון ווייט אין טאָל, —

געלערנט די שיינקייט פון אמתן זיין,
גענויט האָט מען אים טרינקען סמיקן ווין.
געטרונקען מיט פרייד, מיט זיכערער האַנט, —
פאַרשוואונדן איז בלויז דער שאָטן פון וואַנט.

ער אָבער וואַנדערט אַרום, — ניט געזען, ניט געהערט, —
די שונאים — זיי ווערן פון מורא פאַרצערט.

נאָר קומען וועט א טאָג מיט זיין ליכט,
און אויפשיינען ווידער וועט דאָ זיין געזיכט! . . .

# ווי האַמער אויף שטאָל

זאָל דאָס ליד אַ הילך טאָן,
ווי האַמער אויף שטאָל,
און אָפּהילכן זאָל דערפון
אויף באַרג און אין טאָל.

אויפוואַכן זאָל דער מענטש
פון עם הינערפּלעט שלאָף, —
אויסגעהיילט און געבענטשט,
זיין גרייט פאַר זיין באַרוף!

די אָרימקייט רייסט שטיקער,
מולך מיט די אויגן בלענדט,
ווייל צו די אונטערדריקער,
און צו די וואָס קושן הענט.

זאָל דאָס ליד אַ הילך טאָן,
ווי האַמער אויף שטאָל,
און אָפּהילכן זאָל דערפון
אויף באַרג און אין טאָל.

# מיין הימן

דעם אַנדיינק יצחק בערגערן

איך האָב לידער פיל אָנגעשריבן,
פון מיין פרייד און מיין טרויער.
מיר איז נאָך פיל פאַרבליבן —
א ניט דערמויערטער מויער.

איך וועל היינט מיין הימן זינגען,
ווי א פויגל אין פרילינג־מאָרגן.
זאָל מיין ליד צו מענטש, לאַנד, קלינגען, —
וואָס ברייגגען א ניי ליכט דעם פרימאָרגן!

און געבענטשט זאָל זיין דער גאָט,
וואָס האָט מענטש, לאַנד אַזאַ באַשאַפן;
וואו אמת, יושר און גענאָד, —
טאָג אויס, טאָג איין ווערט געשאַפן.

מיין האַרציקסטן גרוס צו די אַלע,
וואָס גייען בראַוו די טעג אַנטקעגן,
און טראָגן דאָס ליכט, דאָס גרויסע,
ווי פייגלען פרילינג אויף וועגן.

## זיי געבענטשט

דיינע שטאַרקע, מוסקולירטע גלידער
באַארבעטן חנעוודיק די רויטע ערד,
אין שפּאַן מיט דיין אָרימען פערד.

זיי געבענטשט, זיי געבענטשט,
שוואַרצהויטיקער מענטש!
אין דיין טאָג, אין דיין נויט —
פאַרדינסט כשר דיין ברויט.

## מיר

מיר וואָס הונגערן טעג,
מיר וואָס חושכן נעכט,
מיר וואָס דערשטיקן אונזער קרעכץ, —
ווי וועלף, וואָס שטשירן זייערע ציין
אין בלויע לבנה־נעכט אריין.

מיר טראָגן סם אין אונזערע מיילער
פון טיפן וויי און באַליידיקטן פיין, —
ביז קומען וועט דער טאָג צוגיין!...

# אין די „עליס״

אין שמאָלע, טונקעלע, ברודנע עליס,
שטייען איינגעהויקערט די ילצערנע בודעס —
איינגעהילט אין שוואַרצן טרויער.

פון צעבראָכענע, קליינטשיקע פענצטער
קריכט די אָרימקייט ארויס —
פון וואַנט יעזוס קוקט א פאַרגעל טער.

ראַכיטישע נעגער־קינדערלאך שפילן זיך,
זקנים מיט עטרות אויף קעפ ברומען לידער
פון מידע, אויסגעהאָרעוועטע גלידער.

די דרום־זון לייכט העל איבער ברייטע גאַסן,
און בלענדט יעדן איינעם די אויגן —
אין די עליס, זי שיינט ווי זי וואָלט שפאַסן.

## עסט זיך איין

די נויט קוקט מיר גלייך אין די אויגן —
לעשט אויס דעם ברוין שוואַרצן גלאַנץ.

טאָג נאָך טאָג, יאוש, פּיין,
עסט זיך איין אין ביינער, —
ווי שימל אונטער שטיינער.

## דער עול

דער עול,
ווי א שאַרק
רייסט שטיקער,
טאָג נאָך טאָג
מיין לייב, —
כ'צאַפּל זיך אין הענט
פון אַן אומגעזעענעם.

# לינער סקווער*)

ש. גוטמאַנען

אויף דעם לינער סקווער
ליגט א שטיין אינדערמיט,
ווי א בערגל די גרויס,
און אויף זיין שויס —
זיצן אָבלטעס דריי
און עס אַרט זיי ניט
ווער ס׳גייט פאַרביי,
ווער ס׳פאָרט פאַרביי,

איינע זעט זון פאַרגיין.
די צווייטע, זון אויפגיין.
און די דריטע פרעגט
ביים מאָרגנשטערן:
איז דאָס דען
דער לעצטער —
מ ל ח מ ה
מאָנומענט? . . .

*) לין, שטאַט אין ניו־ענגלאַנד, אמעריקע.

# רויך

מ׳זעט קיין הימל און קיין שטערן,
מ׳הערט קיין צווישטשן פון פייגל,
אומעטום —
אונטן,
אויבן, —
רויך.

קוימען דאָ,
קוימען דאָרט,
אויף יעדן
אָרט, —
רויך.

אויטאָס,
באַנען,
צעפּעלינען,
עראָפּלאַנען,
שיפן איבער ימים
שווימען
טאָג אי נאַכט, —
רויך.

און פאַבריקן
און ווערשטאַטן!
אויף די גאַסן
מענטשן־מאַסן
שלינגען, —
רויך.

מ׳זעט קיין הימל און קיין שטערן,
מ׳הערט קיין צווישטשן פון פייגל,
אומעטום —
אונטן,
אויבן, —
רויך.

# אין שוי־פענצטער

דאָס שיינע מיידל אין שוי־פענצטער
טאַנצט הין און הער,
שמייכלט צו אַרונטער, —
ער קוקט תאווהדיק — גלויבט . . .
אין שטייגעלע, א פייגעלע,
א פייגעלע אין שטייגעלע,
ווינקט, רופט, —
קויפט ! . . .

דאָס שיינע מיידל אין שוי־פענצטער,
זע איך, גייט הין און הער,
ווי אין שטייג, — דער בער,
נאָר ער נעמט אָפּט ברומען, —
אין שטייגעלע, א פייגעלע,
א פייגעלע, אין שטייגעלע, —
שמייכלט, רופט, —
קויפט ! . . .

# פשוטע רייד

איך רעד פשוטע רייד.
ס׳האָט וואָכעדיקייט, קעלט
זיך באַזעצט, פאַרשפּרייט,
איבער דער גאַנצער וועלט.

ניט די ווייסע דעקע,
האָט די ערד פאַרלייגט,
נאָר פאַרלוירענע האָפנונג,
דאָט ווי בליי זיך צעלייגט . . .

נאָכן זומער קומט דער ווינטער,
איינפאַכע, פשוטע רייד.
אונזער זומער ? אונזער פרייד ?
אַן ארויסגעוואָרפענע שייד . . .

# דזשאָנגל - נעכט

**א**

מיינע חושים אָנגעצויגן,
ווי סטרונעס אויף פידל,
כ׳הער אין זיך ווייגען
דאָס פינצטערע לידל.

וועלף, וועלף, וועלף
טשאַטעווען אויף מיר,
און גרינע אויגן
לויערן אויף מיר!

וועלפישער געלעכטער,
יעדער אבר פאַרקילט.
וועלפיש געשפענסטער
מיט מיר זיך שפילט.

אַרום מיר און אַרום,
וויסטע דזשאָנגל־נאַכט,
אומרו, אימה, פחד —
דער טויט, ער לאַכט.

ב

פינצטערע נעכט
און בלוטיקע טעג,
לעבנס, הערבסטיקע
בלעטער אין ווינט.

די ערד — ניט שוואַרץ
פון בלוט איז רויט, —
טייכן מיט טרערן פול,
אזוי ביטער ווי גאַל.

טרייסט — ניטאָ.
ס׳וואָרט — שטום.
מענטש צעטראָטן.
די חיה הערשט !

רעיונות: דיין קינד,
און שוחט, וואָס וואַרט !
אָ, פינצטערע נעכט,
און בלוטיגע טעג.

# האָב - און - גוטס

יאָרן האָב איך געזאַמלט
מיין האָב־און־גוטס,
געזייט אויף זאַמדיקע ערד,
זיינען קראַצן געקומען
און זיך מיט דעם גענערט.

פוסט, וויסט און ליער
איז מיין פעלד אַצינד.
ס׳וואָיען דאָרט שאַקאַלן
אין די נעכט —
צוזאַמען מיטן ווינט.

ס׳דרוקט פיינט, פריינט,
צוזאַמען — איבער מיר.
כ׳שווייג, — זע, ווי וואָלקנס,
גייען און קומען — כ׳פרעג,
וויפיל איז דער שיעור ? . . .

# אין סאָבוויי

אין סאָבוויי
א גערעדעריי
פון שטאָל און אייזן.
אַ יונגער מאַן
האָט אויף הארמאָנקע געשפּילט
און זיין שותף
האָט מיט־געזונגען
דורך א קליינער טרובקע,
מיט אַ געבראָכענער שטימע, —
Because I love you...

האָבן מענטשן גענומען וואַרפן
בייזע בליקן,
פון וואַנען ס׳קול איז געקומען; —
אַן אַלטער איד
מיט דער ברייטער באָרד,
ווי אַ שאַרער וואָלקן, —
האָט דורך די ברילן
געגעבן אַ קרומען בליק,
און שנעל באַהאַלטן ס׳פּנים
אין דער צייטונג צוריק.

א מיטליעריקער מאַן,
עלעגאַנט געקליידט,
מיט רינגען אויף די פינגער, —
האָט געהאַלטן אין איין טענהנען
מיט די אַקסלען: —
צו וואָס אזוינע צוויי
געזונטע יונגען —
זינגען אין סאָבוויי?...
I can't see it...

# ביי דער וואַנט

**א**

כ'האָב די ערד
דורכגעשפרייזט
אין דער לענג,
אין דער ברייט.

צעטיילט זיינען שטעט
אויף גרין און גרוי:
גאַסן פול מיט שטויב,
גאַסן פול מיט טוי.

האָט זיך די גרויקייט
איינגעסן אינעם בלוט, —
אָרימע, ברידער, מיינע,
אייגן פלייש און בלוט.

**ב**

פון אַ פענצטער אַ שמאָלן
האָסטו אויף מיר געקוקט;
כ'האָב דיין צער פאַרנומען,
און פאַר דיר זיך געבוקט.

כ'האָב העלפן געוואָלט, —
שוואַך איז מיין האַנט;
שטאַר, ווי דו ביי דער שויב,
אַזוי שטיי איך ביי דער וואַנט...

# III

## מאַמע

מאַמע, דיין לעבן און דיין טויט,
טראָג איך אין מיר, ליבע מאַמע,
ווי נאַכט טראָגט דעם מאָרגן־רויט,
ביז כ׳וועל מוזן גיין פון דאַנען.

מיין לעבן און מיין טויט,
וועט ווייטער ציען מיין זון,
און שפּייזן דאָס לעבן און טויט,
ווי עס שפּייזט א פויער א הון...

דאָס אַלץ טוט אַזוי שטאַרק וויי,
אָבער קענען דען העלפן טרערן?
ס׳איז אַ מין „נעם און ליי" —
אונזער גאַנצער לעבן...

# לולינקע מיין קינד

לבנהדיקע פעלדער
באַדעקט מיט שניי,
בלענדן מיט ציטער,
אומעט זיצט אויף זיי, —
לולינקע מיין קינד.

דורך זיי דער טראַמוויי,
אַרום אים דער פראָסט,
אַרום טראַמוויי — ווינט,
גייט ווער איבער וועגן, —
לולינקע מיין קינד.

טרייסלען זיך ביימעלאַך
און די טויטע בלעטלאַך,
שאַקלען זיך ווי צעפּלאַך.
גראָזן, דראָטן אין ווינט, —
לולינקע מיין קינד.

פון די ווייסע פעלדער
שטעקט אַ קוימען אַרויס,
האָווקען אין אים הינט,
וויינט מיט זיי דער ווינט, —
לולינקע מיין קינד.

דער הימל פאַרמאַכט,
א קאַלטן הענגט אַראָפּ,
אויף אים זיצט א שד
און חוזקט און לאַכט, —
לולינקע מיין קינד.

## באַשערט

איך לעב אין אַ מדבר — שטום,
דאָרשט נאָך טוי, ווי אַ בלום.

איך פאַל ווי אַ סנאָפּ אין פעלד, —
בענטש מיין מזל און פאַרשעלט.

זון וואַרימט ניט מיין וועג,
אַ פראָסט שניידט, ווי אַ זעג.

מסתּם איז מיר אַזוי באַשערט,
מיט טרערן מאַכן פייכט די ערד.

## אומרו

פון דור דורות,
טראָג איך זינדיק בלוט ;

נישט וויסנדיק פאַרוואָס,
גיי איך די נעכט אַקעגן, —
צעריסן פון געוויסנביסן.

די חרטה איז דאָך פייגל־אַך,
רויט, ווי דער מאָרגן־רויט.

ווען די פייכטע ערד
וועט גוף אין קבר קילן,
וועט מיין נשמה זיין פריי.

# פרעמד

דאָס שטיבל מיט אירע פיר ווענט,
וואו איך וואוין איז מיר פרעמד,

פרעמד איז מיר געווען מיין היים,
וואו איך בין תמיד געווען אליין.

ווי אַן אורח, וואָס עסט ביי פרעמדע טישן געגרייט,
אַזוי האָב איך געגעסן ביי דער מאַמעס טיש — ברויט.

אפילו יעדן שבת דאָס וויס־געפרעסטע העמד,
(זי האָט אליין געוואַשן) ז'מיר געווען פרעמד.

און אין די פרעמדע לענדער, וואו כ'בין געווען, —
האָב איך זיך נאָך פרעמדער — — — דערזען...

# העמאָנד*)

העמאָנד.
דיין גרויקייט
שפּאַרט
אין מיר,
ווי פון קוימענס
דער רויך
פון די פאַבריקן
אַרום דיר.

העמאָנד.
דו צעשניידסט
אונזער לעבן,
אַזוי ווי די באַנען,
וואָס קרייציקן דורך
דיינע לענדן —
אָ, העמאָנד!

העמאָנד.
ביי דיר
וואַקסן אונזערע טעכטער,
ווי טאָפּאָלן אַרום הייזער, —
זין, מוסקולירטע, געזונטע,
ווי דעמבעס —
בייזערט זיך אַ טאַטע:
קינדער, פּוסטע,
פרעמדע . . .

אָ, העמאָנד!
דיין שיינקייט, דיין חן,
דיין לעבן, דיין פרייד,
איז מיר פרעמד,
איז מיר שווער,
ווי דער ריח
פון די „רעפיינעריס“,
וואָס די „סטאַנדאַרד אָיל קאָ.“
האָט דיך
מיט זיי באַערט...

---

*) העמאָנד, אינדיאנא. שטאָט אין אמעריקע.

## פ י י ן

### א

עס האָבן ליכט געברענט,
אַ ווינט האָט זיי פאַרלאָשן;
שטייען ליכט טויט, געשענדט,
און די קנויטן, ווי דראָטן.

קוקן בלינדע אויגן אויף מיר
מיט פאַרגליווערטע טרערן; —
אַ ציטער לויפט דורך אין מיר
פון פיין, און נישט ווערן...

ב

יעדעס האַרץ
אַ בית־עולם,
וואו געפילן, ליידן,
ליגן טיף באַגראָבן.

ס׳געזיכט,
ווי אַ מצבה,
וואו ס׳איז אויסגעקריצט
די יאָרן און דער טרויער...

## נע - ונד

כ׳בין דאָ איבעריק
אויף דער וועלט,
אַן אומגעבעטענער גאַסט
אויף א צעאַקערט פעלד.

דער יורש פון הבל׳ען
איז פאַרטריבן פון פעלד,
און האָט קיין אָרט נישט
אין דער גרויסער וועלט...

## גערא<ruby>נגל

ראַנגלט זיך אין מיר דאָס בלוט,
אינדרויסן וואָיעט דער ווינט;
ווי אַ סטאַדע הונגעריקע וועלף, —
שרייט אין מיר די זינד.

ראַנגלען זיך נעכט מיט טעג.
איך שלאָף מיט אָפענע אויגן
און חלום, אַז איך טרינק זיך —
אין ים פון מיליאָנען רויגן.

## זכרונות

גריזשען אין האַרצן
און אין דער נשמה,
זכרונות —
היישריקן.

וואָס גייען זיי מיר נאָך,
אָט די אַלע זכרונות?
שרעקן — דעם היינט
און דעם מאָרגן!...

# ווינטער

ס׳האָט אַ פראָסט געבראַטן, געברענט,
געפרירט, געבראָכן און פאַרלענדט, —
א ווייסע קעלט האָט איינגעהילט אַלץ,
איז ערד געוואָרן, ווי ווייסער זאַלץ.

די לבנה האָט געקוקט רואיק, שטיל,
ווי דער לייכט זילבערנער שניי פאַלט
און פאַרבט מיט זיין פאַרב דעם וואַלד,
און פאַרדעקט אַלץ מיט א ווייסער היל...

# די באָבע

אַ פאַרגעסענע,
אַ פאַרבליבענע,
דרייט זי זיך ארום הויז,
שטיל, ווי אַ בלאַסער שאָטן, —
אויף אירע דינינקע פיס,
ווי א ראַכיטיש קינד, —
די קינדער, איניקלאַך —
זיינען אַוועק...

איר בליק — נאַכט,
מיט בייגער — פוף, —
און קוקט מיט טיפן צער
אין דער נאַכט אריין,
ווי אַ הון ביים טייך,
די קאַטשקעלאַך,
די קינדערלאַך —
זיינען אַוועק...

# אין דער פרעמד

**א**

פאַרנאַכט
אין אַ האָטעל.
די שטאָט
איז מיר פרעמד.
אויף דער שויב
די זון ברענט.

אַ בענקשאַפט
דריקט שווער
מיין געמיט —
פון וואַנדערן
מיין נשמה
ז׳שוין מיד...

**ב**

אַ צימער, ווי אַ קבר,
אַ בעטל אינדערמיט.
אַ טעלעפאָן אויף דער וואַנט,
קיינער רעדט דורך אים ניט.

א טישל ביים פענצטערל
שטייט זיך, ווי פאַרשעמט,
אויף אַן אומעטיקער שטול,
אַ ווייס האַנטוכל — בלענדט.

# אויפן זאַמדיקן ברעג

אומבאַמערקט
האָט אימיצער שפּאַצירט
אויפן זאַמדיקן ברעג,
און געציילט די טריט, —
אַן אַלטע פרוי
איז נאָכגעגאַנגען
און געזוכט
זיינע זומער־טריט —
אומזיסט...

עס האָט אַ כוואַליע
מיט רויער קראַפט
געטאָן אַ לעק
דעם זאַמדיקן ברעג,
און מיט גרויל —
גיך אוועק...

ס'האָט די לבנה געל געשמייכלט,
האָט עס דער ווינט
צעשאָטן ווי שטויב,
האָבן נימפן גענומען זינגען:
הו, הי, הו, הי,
די נאַכט איז הי!...

# אַ טאַטע

כ'בין שוין אַליין אַ טאַטע,
און פיל זיך ווי אַ קינד,
ווי כ'וואָלט ביי טאַטע־מאַמע
אין הויז געווען אַצינד.

און געלאָזן האָב איך זייביידן
אויף הפקר אין פוילנס ערד; —
ווער מיין זון זיך מיט מיר שיידן,
ווער ווייס, וואָס מיר איז באַשערט?

# שטיל לעבן

דער הימל איז ווייס און בלוי.
די זון זופט אויס דעם טוי.

שטייט אַ טויב אויפן דאַך פאַרטראַכט,
קוקט אויף אַלץ אַראָפּ מיט פאַרדאַכט.

דער ווינט בלאָזט שטיל און לינד,
שפּילט זיך מיט אַלץ ווי א קינד.

ס'וואַקסט דער בוים און שווייגט,
אפילו ווען די האַק איז גרייט.

דער הימל איז ווייס און בלוי.
די זון זופט אויס דעם טוי.

# אין דער נאַכט

פֿאַרלאָשענע שטייען
לאַמטערנעס־הייזער,
אויף שטאָטישן טורם
גנבעט דער ווייזער.

אַ דהיימלאָזע קאַץ קומט
פֿון ערגיץ וואו אַרויס,
זעט אין שאָטן אַ הונט —
אַנטלויפֿט צו אַ הויז.

אַ הויז מיט אַ הויז,
אַ בוים מיט אַ בוים,
דערציילן זיך סודות
פֿון ווייט־ווייטן רוים.

# דעמערונג

רויטע שטרייפן ליכט קריכן אויף ווענט
און וואַנדערן אום אין גאָרטן ווי פרעמד,
אין פאַרבן־שפּיל שפּילט זיך דער הימל, —
נאָך אַ טאָג פאַרגייט אין א מידן דרימל.

שטייען הייזער איינגעהילט אין טרויער.
אַ פויגל צוויטשעט אומעטיק אויף א טויער, —
רויט איז דער הימל, זיין פּנים ברענט!
און באַדעקט זיין געזיכט מיט בלויע הענט.

# IV

## מיינע טעג

איך זע מיינע טעג,
וואָס זיינען אַוועק, —
ווי קליין זיי זעען אויס,
ווי אַ נעסט קעגן אַ הויז.

כ'זע, ווי עס איז אַוועק
אַ שיפעלע פון ים־ברעג; —
ס'וועט מער ניט קומען צוריק,
ווי מיין קינדעריש גליק.

## בלוט און בליי

— פאַרוואָס ציטער איך אַזוי,
אויפן האַרצן איז מיר שווער?
ווי אַ הונט אויף אַ קופּע שטרוי, —
דריי איך זיך הין און הער.

שרעקן זיך איז ניט כדאי.
ס'איז אַן איבערגאַנג אַזאַ!
ס'פאַרוואַנדלט בלוט אין בליי, —
עס קומט און גייט פאַרביי.

# דער טאָג

(חנהן)

דער טאָג
איז היינט
געקומען צוגיין,
אַזוי מילד,
אַזוי פיין,
אָנגעקלאַפּט אין מיין טיר:
— גוטמאָרגן!
— גוט־יאָר.
אַוועקגעזעצט זיך
אויפן דיל,
אַזוי שטיל,
און גאָרניט געזאָגט,
און אויף קיין זאַך —
ניט געקלאָגט.

## סיטרעפט

ס'טרעפט: דו זעסט קינדער שפּילן זיך,
און ס'פּראַלט פון זיי די פרייד ארויס, —
טראַכסט פון דיינע קינדער יאָרן,
וואָס געווען, און זיינען אויס.

ס'טרעפט: דו קוקסט מיט קינדערישע אויגן,
ווי פייגלאַך שפּרינגען אויף אַ הויכן בוים, —
ווערט דיין לעבן לייכט אַזוי און גרינג,
טראַכסט: — סאַראַ וואונדערלאכער טרוים.

## פאַרשטיי

פאַרשטיי מיך —
דורך מיין גאַנג פון טאָג,
ווי ער לאָזט איבער זיין חותם
אויף מיר, — און איך זאָג:

ס'האָט אפשר אַנדערש געקאָנט זיין,
נאָר עס איז מיין שטערן אַזאַ, —
פאַרפאַלן — אַזוי וועט שוין זיין,
ס'איז מיין מזל — אַזאַ...

— וואָס זשע קאָנסטו פאַרלאַנגען
ווען מיר זיינען געפאַנגען,
ווי דער לאָפּוך־בלאַט —
צווישן טאָג און נאַכט...

# אפשר

— אפשר ביזטו גערעכט,
אַז אַזוי איז זייער שלעכט?
דאָס לויפן און קומען,
דאָס זיין צעשוואומען, —
האָט ניט קיין זינען...

— וואָס זאָל איך טאָן!
די אומרואיקייט שפּאַרט,
ווי דער ים די ברעגן,
און מיין נשמה גאַרט,
נאָך נייע וועגן...

נייע, ניט פאַראַנען!
דאָך ווילט זיך לויפן, —
לויפן פון דאַנען...

## ד ו . . .

דו האָסט גענוג געליטן,
ווער קען דיין צער פֿאַרשטיין,
און ווער וועט דיר פֿאַרגיטן?

ציען זיך דיינע טעג,
ווי יאָרן, יאָרן לאַנג,
חדשים, ווי אייביקייטן, —
טוט עס מיר אַזוי וויי,
טוט מיר אַזוי באַנג.

אַז מענטש צוליב מענטש,
דאַרף מקריב זיין
דעם מענטשן, — —
און ליידן —
ווערט געשענדט.

# ווי א שטומער

וואָס איך וויל בעטן,
וואָס איך וויל אַצינד ? —
קען איך אין שפּראַך ניט זאָגן,
ווי ווײנענדיק אַ קליין קינד.

זיץ איך, ווי אַ שטומער
און שטיק מײַנע פאַרלאַנגען, —
ווי דער ווינט אין פעלד,
רײַף געוואָרענע זאַנגען.

# ווי דער ווינט

ווען עס ווערט מיר שווער
היים, פרוי, און קינד —
לאָז איך זיך לויפן ווילד,
ווי אין פעלד דער ווינט.

ווי דער ווינט אין פעלד,
ווייס איך נישט קיין רו ;
פאַרשאָלטן בלוט האָב איך,
וואָס לאָזט מיך נישט צורו.

# דעם טאַטנס טויט

דער טאַטע איז מסוכן קראַנק,
אין הויז און אַרום איז אַנגסט.
דער טיפוס־פיבער גליט, —
כ׳זיץ לעבן בעט
און איך היט.

אַט עפנט ער קוים, קוים אַן אויג, —
ס׳פּנים, ווי אַ פאַרגייענדע זון ברענט!
עפּעס זיך דערמאָנט און דערקענט:
— שבה הגדול, האַ? עבדים היינו זאָג מיין קינד, —
טרערן אויפן קישן, אינדרויסן וויינט דער ווינט...

דער שניי צעגייט, צום ווינטער נעמט אַן עק,
אויף וואָגן מיט שטרוי און וואַרים געדעקט,
פירט מען דעם קראַנקן טאַטן אין שטאָט אַוועק;
די מאַמע און עלטערע שוועסטער פאָרן מיט —
קינדער בלייבן אליין און אין הויז איז וויסט...

# פערזן

כ׳צייל די טעג,
ווי אַ קראַנקער,
וואָס האָפט נאָך
געזונט צו ווערן.

* * *

איך שטיי ביים ים
און וויין, ווי אַן אינד —
פון די טרערן ווערט
דער ים געזאַלצענער.

* * *

כ׳קריץ אויס אַ וואָרט
אויף אַ שטיין, —
ס׳וועט ווער עס לייענען,
וועט פאַרשטיין.

* * *

אַזוי גייען נעכט, טעג,
אָן אַן אָנהויב אָן אַן עק, —
איך זינג אַזוי אין גאַנג
מיין אומעטיק געזאַנג.

* * *

ס׳איז שטיל. ס׳הערט זיך ניט קיין ריר.
די וועלט זיצט איצט שבעה, —
נאָר רגעסוויז הערט זיך א טיפער זיפץ
פון אַ מענטשנס שטימע.

* * *

אַראָפּגעלאָזן די ראַלעטן.
די אויגן־דעקלאַך צוגעמאַכט, —
פינצטער, פינצטער קינד מיינס.
ניטאָ וואָס צו זען — נאַכט.
זאָל זיין —
פאַרמאַכט.

* * *

ס׳לויפט, רוישט דער מאָטאָר
אין עלעקטרישן אייז־קאַסטן,
און בלייבט שטיל, —
ווי איך צו אַלדע גוטע יאָר,
ווייס ער ניט —
וואָס ער וויל ?

* * *

א פרויען שטים דורך דער ראַדיאָ
קייקלט זיך אין מיין צימער, —
וואָס וויל זי אין אָט דער שעה,
מיט איר זינגען,
מיט איר אומעט —
אין דער שעה ?

* * *

נאָך מיר וועט בלייבן :
מיין צערונענער טרוים,
און ניט זיכערע טריט —
א ניט פאַרענדיקט ליד.

# שוועסטער מיינע

דעם אָנדיינק רבקהן

דו האָסט זיך אין חלום,
ווי אַ לעבעדיקע
באַוויזן צו מיר,
אַזוי אומשולדיק,
ווי אַן עופהלעס פּנימל
ביים ביישטידל
פון טיר, —
שוועסטער יונגע.

כ'האָב אָנגערירט דיין האַנט,
און געציטערט —
בין געפאַלן מיטן געזיכט
צו דער וואַנט,
שטיל געמורמלט,
פאַרגיב
מיר, —
שוועסטער מיינע.

# סוף זומער

Ocean View Park, Va. (*

ס׳פליט א ים־פויגל הין און צוריק,
און זוכט שפּייז ביים ברעג.
ער דרייט זיין שנאָבל הין און הער,
און פליט ווייטער זיין וועג.

א רויטער הונט אויסגעצויגן
אויף אַ זייט אין מיטן פּאַרק,
הויבט יעדער רגע דעם קאָרק, —
אפשר וועט ווער געבן א גלעט ?

און אַ געררטנדל אינדערמיט,
אַ קינד אויף אַ פאַרגרינטן פאָנטאָן שטייט ;
בלאָזט צום הימל אַרויף מיט טראָמפּייט, —
ווי עס וואָלט אימיצן רופן . . .

דער הילצערנער וועג
איז איצט וויסט און לער.
ס׳גייען אויף אים ניט מער, —
זומער־געסט, זיינען אוועק.

כ׳זיץ אומרואיק, ווי דער ים,
וואָס קאָן קיין אָרט געפינען אין צאַם ; —
דאָס האַרץ זיינס, — ווי מיינס, וויינט —
אויף דעם, וואָס פאַרגייט . . .

*) זומער רעזאָרט ביי נאָרפאָלק ווירדזשיניע, אמעריקע.

# אַ לאָמפּ און אַ ליכט

אַ לאָמפּ רויטלט זיך אין אַ פענצטער,
ווי אַ פאַרנעפּלטע זון אין פרימאָרגן,
און קוקט אויף מיר
אַזוי בעטנדיק —
קוק אויף מיר.

אַ ליכט פון אַן אַנדער ווינקל שויב
האָט געל גערופן מיך, געוואונקען —
דעם לאָמפּ אויף צו להכעיס,
געפינטלט מיט עזות
אין די אויגן!

אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט
ד׳האָב איך זיי בײדן געזען,
און זיך אַזוי געטראַכט: —
פאַרוואָס שטעכלט מען זיך,
צו וואָס דאַרפן זיי מיך?...

# חטאתי

אַ יאָר האָב איך געשוויגן.
די צאַרטסטע לידער —
אין מיר טיף פארשריגן.

איצט מאָנען זיי חשבון.
זיי רופן מיך פאַררעטער! —
וואו איז דיין גלויבן?

זע לויטערע שטערן,
זאָג איך שטיל ווידוי, —
קען זיך מער ניט ווערן.

חטאתי. איך בין בלינד,
ארבע מיתות של בית־דין,
קומט מיר פאַר די זינד.

# זינג איך פריי

זינגען פייגל גלאַט אַזוי,
קינדער שפּילן סתם אַזוי:
אַהער, אַהין אין אַ ראָד,
און טאַנצן אַ קאַראַהאָד.

זינג איך פריי פון דער גרוי,
און דאָס לעבן קריכט אָט אַזוי, —
טאַנץ איך ווילד אין דעם ראָד,
ווי אַ צירק־מיידל אויפן דראָט.

ווי אַ אינגל אַן אַ זין, —
ביז פאַרוועבן וועט די שפּין
אירע נעצן לאַנג און ברייט,
און פאַרשטעלן מיר די פרייד...

# איך וואַרט

איך וואַרט
אויף דיר.
מיר דוכט: איך הער טריט
אויף די טרעפּ,
און אַ לייכטן קלאַפּ אין טיר, —
גיב איך זיך אַ הויב,
ווי אַ שלאַנג וואָלט בייסן —
און בלייב ווידער זיצן —
און דו...

ווּעסטו קומען,
ווען איך וואַרט
אויף דיר?
ווי אַ יונגע מוטער
פאַרן ערשט געבוירענעם קינד; —
נאָר ווער ווייס, אפשר —
האָב איך אויסגעטראַכט,
אַזאַ ליד פאַר מיר,
און פאַר דיר?...

# א חלום

יאָרן זיינען אַריבער,
אַ פונק אין האַרצן גליט —
פון אַ ניט פאַרלאָשן ליד,
קינדער־ליבע פון אַמאָל —
אין חלום, — נאָך גליט,
אין חלום, — נאָך ציט...

אַ צייט, אַ בליענדע,
אַ צייט, אַ גאָלדענע,
איז פאַרשוואונדן —
צעריסן איז די בריק, —
ס׳וועט קיינמאָל ניט —
קומען צוריק...

די אויגן ווערן פייכט,
ווען אַזאַ חלום קומט
און פאַרשווינדט, —
איך האָב געחלומט
אַ חלום, — דער חלום
ניט מער...

# נימאָ

דיין נאַקעטע פּלייצע האָט מיך ניט גערייצט,
ווען דו האָסט געשפּילט אויף דער פּיאַנע, —
ס׳האָבן מיך, ווי ים כוואַליעס פאַרפּלייצט,
די טענער, די קלאַנגען פון דער פּיאַנע.

— האָסט אויסגעשפּילט פּראַכטפולע ניגונים,
און דאָך — זיי אליין ניט איבערגעלעבט, —
האָסט אַרויסגעבראַכט דהאַרציקע תחנונים —
פינגער האָבן, ווי לייכטע שאָטנס געשוועבט.

כ׳וועל דאָס שפּילן שוין ניט פאַרגעסן, —
האָסט מיך פאַרכישופט היינט ביינאַכט.
כאָטש כ׳בין גאַנץ ווייט פון דיר געזעסן,
האָב איך די שעה אַן אייביקייט געטראַכט...

# די מינוט

מיר איז איצט אַזוי גוט, —
כ׳האָב אַ לעבן לאַנג געוואַרט
אויף דער מינוט...

מיר ווערט אַלץ אַזוי ליב,
אַפילו פון גאַס דער טומל,
און דער אינדיאַנא הימל.

די פיינט מיינע ווערן
ליבלאַך און אָנגענעם, —
ס׳מיאוסטע ווערט גערן,

מיר איז איצט אַזוי גוט, —
כ׳האָב אַ לעבן לאַנג געוואַרט
אויף דער מינוט...

# צו אַ פרוי

דיינע אויגן —
אינדיאַנע הימלען,
פאַרכמאַרעט, גרוי, —
איך זע עס —
ליבע פרוי.

דיין לעבן,
ווי ים־וואַסער
ביטער איז אַזוי, —
איך פיל עס —
ליבע פרוי.

דיין פרייד —
אַ גרויע נאַכט,
איז בלייאיק אַזוי, —
איך ווייס עס —
ליבע פרוי.

דיינע אויגן —
אינדיאַנע הימלען,
פאַרכמאַרעט, גרוי, —
איך זע עס —
ליבע פרוי.

# יעדער אָוונט

יעדער אָוונט כישופט מיך,
ווען איך בין מיט דיר אַליין, —
איך ווער אײנגאַנצן דײן.

יעדער אָוונט, די געסלאַך וואַרטן,
ווי פאַר מיר און פאַר דיר, —
די ביימער גיבן זיך קיין ריר.

דו פירסט מיך, ווי א גוטע שוועסטער.
איך גיי דיר נאָך, ווי אַ קליין קינד —
אין געסלאַך, דרימלט דער ווינט.

די ביימער באַהאַלטן אונזערע שאָטנס —
אין די הייזער שלאָפט מען שוין איך, —
מיר שניידן אין דער נאַכט אריין...

יעדער אָוונט כישופט מיך,
ווען איך בין מיט דיר אַליין, —
איך ווער אינגאַנצן דײן.

# צו אַ פריינט

ווער קען וויסן ווען מ׳רוימט,
ווי אימיצער לעבט, טרוימט?
ווי אַן איינציקע פלוים —
פאַרבליבן אויף בוים.

וואָס קענסטו וויסן פריינט,
מיין עבר און מיין היינט?
און די דריי צענדליק יאָרן,
וואָס פאַרבליבן אין זכרון...

פאַרשטיי מיך און מיין ליד,
וואָס איז תמיד אַזוי טריב, —
עס איז בלויז אַ מצבה פון א מענטשן,
וואָס וויל ניט שעלטן און ניט בענטשן...